№ 2 פּרייז 60 קאָפּ.

אילוסטרירטע
„קינדער־ביבליאָטעק"

דניאל טשאַרני.

# דער גאָלד־
# דורשטיגער קיסר.



פֿאַרלאַג „חבר"

מאָסקווע, ה. אַקציז, מאַלאַיאַ בראָנאַיאַ, נומ. 10 יאָהר 19

PRINTED in U.S.S.R.

# דער גאָלדדורשטיגער קיסר.

I

ס'איז געווען אַמאָל אַ קיסר, זייער אַ שלעכטער און אַ קאַרגער. האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן: „דער גאָלדדורשטיגער", ווייל ס'האָט זיך אים געוואָלט זיין דער רייכסטער אויף גאָר דער וועלט. פלעגט ער נאָר טון און מלחמה האַלטען. יעדע ווײַלע פלעגט ער אָנפאַלען אויף איינער פון זײַנע שכנישע מדינות, דערקלײַבען זיך ווי עס איז צו דער הויפּט-שטאָט, וואו עס פלעגען ליגען באַהאַל־טען אַלע אוצרות און רייכטימער פון לאַנד, — פלעגט עס אַלץ אַוועקרויבען צו זיך און נאָכדעם שלום מאַכען. פאַרשטייט זיך, אַז אַלע ארומיגע מדינות פלעגען לעבען אין איין שרעק פאַר דעם

גאָלדדורשטיגען און בעטען ביי גאָט ער זאָל אים צושיקען אַ שלעכט אָבקומענעש. און נישט נאָר פרעמדע, נאָר אַפילו זיינע אייגענע אונטערטאַנען פלעגען אים קיין גוטס נישט ווינשען, ווייל ער האָט זיי תמיד געהאַלטן באַוואָפענט און געמאַכט פון זיי אמתע רויבער. ס׳פלעגט נישט זיין, ווער עס זאָל באַארבעטען די פעלדער און אַלע פאַבריקען זיינען געוועזן פאַרנומען מיט מאַכען אַלץ נייע געווער - פלעגט מען אַלץ מוזען איינקויפען אין אַנדערע מדינות און אין לאַנד פלעגט תמיד זיין אַ גרויסער יקרות און אָפטמאָל אויך אַ הונגער, נאָר דער גאָלדדורשטיגער האָט זיך גאַנץ ווינציג געקימערט וועגען דעם, אַבי זיינע מלוכה-קעלערס זאָלען וואָס מער זיין אָנגעשטאָפּט מיט אָנגערויבטען גאָלד און זילבער און ער זאָל זיך קענען יחסענען, אַז ער איז דער רייכסטער קיסר אויף גאָר דער וועלט.

II

מאַכט זיך אַמאָל, אַז דער גאָלדדורשטיגער פאַרפירט מלחמה מיט איינער אַ קליין מדינה׳לע, וואָס איז גאָר נאָהענט פון זיינער געלעגען.

די מדינה׳לע, אמת, איז געוועזן גאָרניט קיין רייכע, ווייל די

ענשען פון יענעם לאַנד האָבען פאַרשטאַנען, אַז ס'גאָר קײן שכל נישט אָנצוקלײַבען געלט אין די מלוכה-קעלערס, כדי נאָכדעם זאָלען אָנפאַלען דעם גאָלדדורשטיגענס חילות און אַלץ אַוועקרױבען און דערצו נאָך אױסהרגנען אַ פײַן ביסל מענשען. פלעגען זײ זיך בעסער באַשעפטיגען מיט כלערליי וויסענשאַפטען און קונסט-זאַכען. בױען שײנע הײַזער, טעאַטערס און מוזײען, וואו זײ פלעגע צושטעלען די שענסטע בילדער, וואָס זײערע קינסטלער פלעגען מאָלען. האָט די מדינה'לע באַקומען א גוטען שם אויף דער גאַנצער וועלט און פון אַלע לענדער פלעגט מען פאָרען אַהין באַוואונדערען זײערע אַרבעטען און זיך אױסרוהען אויף די ברעגען פון זײערע פײַנע אָזיערעס, און דערפון טאקע פלעגען זײ ציהען זײער גאַנצע חיונה.

האָט זיך דער גאָלד-דורשטיגער מתקנא געווען, וואָס אין אָט יענער מדינהלע פאָרט מען פון אַלע עקען וועלט און אין זײַנער שמעקט קײנער נישט אַרײַן, ווי זי וואָלט געלעגען אין חרם.

איז אים אײַנגעפאַלען ער זאָל פלוצלונג אָנפאַלען אויף דער מדינה'לע, אַריבערשלעפען צו זיך אַלע שײנע זאַכען פון די מוזײען און טעאַטערס - וועט מען שױן מוזען אָנהױבען פאָרען צו אים און ער וועט ווערען נאָך רײַכער און באַרימטער.

אָבער די גאַנצע וועלט איז געוו אָרען אויפגעציטערט פון דעם אַכזרות־דיג אָנפאַל אויף דער אומבאַשיצטער מדינה, וואָס אַלע האָ־בען זייער ליב געהאַט און וואָס פון איר וועט ווערען איצטער אַ תל, ווייל מען האָט נאַנץ גוט געוואוסט, אַז דעם גאָלדדורשטיגענס חילות זיינען גאָר קנאַפּע פיינשמעקער און פון אַלע מוזייען און טעאַטערס וועלען זיי זיך מאַכען קאַזאַרמעס און שטאַלען און אַלע איפגעבראַכטע מדינות זיינען שען גרייט געווען אָנצונעמען זיך פאַר דער אומשולדיגער מדינה־לע און אַרויסטרעטען מיט שותּפותּע כחות קעגען דעם גאָלדדורשטיגען, און, איינמאָל פאַר אַלע מאָל זיך גוט אָפּרעכענען מיט אים.

IIF

גראָד האָט זיך אין יענער מדינה געפונען אַן־אַלטער מכשף, וואָס האָט נישט געקענט צוזען דעם צער פון זיין פאָלק און זיך באַש־לאָסען נקמה נעמען פון דעם גאָלדדורשטיגען ער זאָל שען פאַר־זאָגען אַ צענטען מלחמה צו האַלטען.

נעמט ער און פאַרקליידט זיך אין זעלנערישע קליידער, לאָזט זיך אַוועק צום פראָנט*) און מאַכט אַזוי מ׳זאָל אים וואָס גיכער אין געפענגניש נעמען. און אַז מען האָט אים גענומען אין געפענגניש

*) ביי די גרענעצן פון דער מלוכה וואו דער חיל שטייט.

האָט ער זיך אָנגעהויבן בעטען מען זאָל אים אַוועקשיקען וואָס גיכער צו זייער קיסר, ווייל ער ווייס אַזעלכע סודות, וואָס ווען ער גיט זיי איבער דעם קיסר ווערט ער דער רייַכסטער אויף גאָר דער וועלט און פאַרשפּאָרט שען מער מלחמה צוהאַלטען.

ווי נאָר די אָפיצערען האָבען דערהערט, אַז מען קען באַלד פאַרשפּאָרען מלחמה צוהאַלטען האָבען זיי אים גלייך געלאָזט אָבשיקען אין הויפטשטאָט צום קיסר, אפשר וועט עפּעס וואָס אַרויס קומען דערפון.

ווען דער מכשף איז אָנגעקומען צום קיסר, איז שוין געווע פאַרנאַכט, אָבער ווי נאָר מען האָט דעם קיסר דערציילט, צוליב וואָס מען האָט געבראַכט אָט דעם געפאַנגענעם סאָלדאַט האָט ער מסכים געווען אים אויפצונעמען.

דער מכשף האָט זיך פאַר אים שטאַרק פאַרבויגט, כאָטש ער איז געווען האַלב-געבונדען, אָבגעגעבען אים אַלע כבודים, ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ קיסר און אים דערציילט, אַז כאָטש ער איז אַ סאָל-דאַט פון אַ מלוכה, מיט וועלכער ער פירט מלחמה, דאָך איז ער אים - אַ גוטער פריינד און ליגענדיג אין די טראַנשייען איז אים איינגעפאַלען אַזאַ מן פּלאַן, לויט וועלכען ער קען ווערען דער רייַכסטער אויף גאָר דער וועלט און פאַרשפּאָרען מלחמה האַל-

כען, נאָר אַזוי ווי היינט איז ער זייער פאַרמאַטערט פון וועג און בכלל פון מלחמה בעט ער אים ערלויבען היינטיגע נאַכט זיך אויס-צורוהען, קומען צו די געדאַנקען און מאָרגען מיט אַ קלאָרען קאָפּ צוזאַמען מיטן קסר באַטראַכטען דעם פּלאַן און אפשר מאָרגען שוין וועט ער קענען אויפהערען צו פירען ווייטער די מלחמה.

דער גאָלדדורשטיגער האָט אים גאַנץ נייגעריג אויסגעהערט און כאָטש עס האָט זיך נישט געגלויבט, אַז אַ פּראָסטער סאָלדאַט זאָל קענען צוטראַכטען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אַממשות, נאָר אַזוי ווי ער איז דאָך פאָרט געווען אַ גאָלדדורשטיגער—האָט ער באַפוילען מען זאָל דעם סאָלדאַטל אָפּפירען אין איינעם פון די ווינקעל-טורעמס, וואָס אין זיין שלאָס, געבען אים גוט אָפּעסען און אויסבעטען אַ ווייך בעטל, פאַרשליסען הינטער אים דעם צי-מער און, ליתר בטחון, צושטעלען אַ שמירה מאַלע וואָס אַ סאָל-דאַטל קען פאַרטראַכטען און אַליין איז ער זיך אַוועק שלאָפען אין זיסע חלומות פון דעם מאָרגענדיגען טאָג.

IV

אויף מאָרגען, ווען דער גאָלדדורשטיגער האָט זיך אויפגע-

כאַפּט — האָט ער געגעבען אַ קלונג אין זילבערנעם גלעקעל, וואָס איז אויף זיין נאַכט־טישעל געשטאַנען. עס זאָל אַריינקומען זיין דינער מיט די בגדים זיינע. נאָר ווען דער דינער האָט צו אים געגעבען אַ קום אַריין — האָט אים דער קיסר כמעט נישט דערקענט, ווייל זיין מונדיר איז געווען דורכאויס באַזילבערט און באַגולדעט: די עפּאָליעטען פון זילבער, די קנעפּ פון גאָלד און די סאַבליע פון לויטער גינגאָלד. האָט זיך דער קיסר פאַרחדושט און אים אַ פרעג געטון, צו האָט ער נישט על פּי טעות אָנגעטון דעם שני למלכ׳ס מונדיר?

— ניין, אייער מאַיעסטעט! ענטפערט אים דער דינער. ס׳איז מיינער, נאָר איך האָב געמיינט, אַז דער קיסר, זאָל לעבען האָט עס מיר געמאַכט אַ סיורפּריז פאַר מיין טרייען דינסט צו אים און באַפוילען איבער נאַכט איבערנייען מיר די עפּאָליעטען און קנעפּ מיט לויטער זילבער און גאָלד...

אָבער דער קיסר, וואָס האָט נאָך גאָרנישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר, האָט ברוגזליך באַפוילען דעם דינער, ער זאָל אים אַריינטראָגען זיין פרישטיק, און, אַגב אורחא אַ קוק טאָן, צי דער סאָלדאַטל איז אויפגעשטאַנען.

— די מינוט! האָט דער דינער אונטערטעניג אָבגעענטפערט און

אין אַ מינוט אַרום איז ער שען טאַקע געווען צוריק מיט אַ גלאָז מילך און צוויי צוגעבּרוינטע זעמעל, ווי דער קסר האָט ליב גע-האַט. און דער סאָלדאַטל, - זאָגט דער דינער, שלאָפט נאָך אַפּנים, ווייל די שומרים שטייהען נאָך ביים טיר און היטען אים.

— אָבּער וואָס פאַר אַ מילך האָסטו דאָס מיר געבּראַכט! ס׳איז דאָך נישט קיין מילך, נאָר קוועק-זילבּער. מען קען דאָך דאָס אין מויל נישט נעמען! און די זעמעלאַך! זע נאָר די זעמעלאַך! — ס׳איז דאָך צוויי שטיקער גאָלד און נישט קיין זעמעל-ברויט! — האָט דער גאָלדדורשטיגער אויסגעשריען האַלב אין צאָרן און האַלב אין פאַרוואונדערונג.

דער דינער, נעבּאַך, איז געשטאַנען אַ צוטומעלטער און קוים אַרויסגערעט:

— מען האָט דאָס מיר אַזוי אין קיך געגעבּען, האָט מען דאָס מיר! און נישט טויט, נישט לעבּעדיג איז ער אַוועקגעלאָפען אין קיך אַריין זעהען, וואָס איז דאָס פאַר אַ מעשה, נאָר דער שר האופים און דער שר המשקה זיינען דאָרטען געשטאַנען; נישט ווייניגער צוטומעלט, ווי דער דינער, און האָבּען אים דערציילט, אַז אַלע זעמעלאַך זיינען היינט עפּעס האַרט, ווי גאָלד און אַז די גאַנצע עמער מילך זעט טאַקע אויס, ווי קוועק זילבּער

און נישט נאָר די זעמעל מיט׳ן מילך, נאָר אַלץ, וואָס זיי פאַר־מאָגען אין קיך, איז ווי פאַרשטיינערט געוואָרען.

— אָט זע! — און זיי האָבען אים צוגעפירט צו דער פּליטע, וואו אויף אַ גאָלדענעם דרייפוס איז געשטאַנען אַ זילבערנער טאָפּ און פון טאָפּ אַרויס האָבען אַרויסגעשטעקט צוויי פיסלאַך פון אַ הון און די פיסלאַך האָבען געגלאַנצט, ווי לויטערער גינגאָלד...

איז דער דינער מיט אימפּעט געלאָפען דעם קיסר דערציילען פון אַלץ, נאָר דער קיסר אַליין איז שוין געשטאַנען אויפ׳ן וועראַנדע, וואָס איז אַרויס אין אַ גרויסען גאָרטען און האָט באַוואונדערט די משונה־דיגע איבערקערעניש פון דער היינטיגער נאַכט: אַלע בוימער זיינען געשטאַנען באַזילבערט, ווי ס׳וואָלט אויף זיי איבערגעגאַנגען אַ פרישער שניי אַרויסגעפאַלען און פון צווישען די באַזילבערטע בלעטער האָבען, ווי גאָלדענע אויגעלאַך אַרויסגעקוקט די גן עדן עפּעלאַך, קאַרשען און פלוימען.

דער פאָנטאַן, וואָס איז אין מיטען גאָרטען געשטאַנען האָט געשפּריצט פון זיך מיט זילבערנע וואַסער־שנירלאַך און די סאַזשעלקע איז אינגאַנצען געווען באַקוועקזילבערט.

די דעכער, וואָס מען האָט אַרויסגעזעהען פון צווישען די בוימער די באַלקאָנען און קאַרניזען זיינען אויך געווען דורכאויס

באַזילבערט און באַגולדט, מיט איין וואָרט, אַלץ אַרום האָט גע־שימערט און געגלאַנצט בײַם שײַן פון זון און געבלענדט די אויגען.

דער גאָלדדורשטיגער איז ווי אַ פאַרחלומטער געשטאַנען אויפן וועראַנדע און נאָך אַלץ ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן! פריי־ען זיך, צו נישט פון אַזאַ מין עשירות, אָבער ווי נאָר ער האָט דערזעהען זײַן דינער האָט ער גלייך באַפוילען מען זאָל אים צושטעלען גלײַך דעם סאָלדאַטל, וואָס מוז, זיכער, וויסען פון אַלץ, נאָר ווי דערשראָקען איז ער געוואָרען ,ווען מען האָט אים אָנגעזאָגט, אַז פון דעם סאָלדאַטל איז קײַן שריד ופליט ניט גע־בליבען.

— סטײַטש, און וואו זײַנען די שומרים געוועזן? האָט זיך שוין דער קיסר געכעסט.

די שומרים, אײַער מאַיעסטעט, שטייען נאָך איצטער אויך בײַם טיר, נאָר ווען איך בין אַרײַן אינווייניק— האָב איך דעם סאָלדאַטל נישט געטראָפען, די בעט איז נישט גערירט. זײַן מאָלצײַט אויך נישט...

— גאָט, מײַן גאָט, וואָס קומט דאָ פאָר! איז דאָס אַ חלום אויפן וואָר? — האָט דער קיסר ווי צו זיך אַליין געטענהט און,

בּמחילה, אַליין זיך אַוועקגעלאָזען צום ווינקעל-טורעם פון זיין שלאָס, אַריין אין צימער, וואו ער האָט טאַקע אַלץ געטראָפען אַזוי, ווי דער דינער האָט אים געזאָגט: די בעט גלאַט פאַרבעט, דאָס עסען נישט גערירט, מער נישט אויפן טישעל האט ער גע-פונען אַ קליינעם צעטעלע, וואו עס זיינען געווען נאָר עטליכע ווערטער אָנגעשריבען: „ברויט איז טייערער פון גאָלד". און מער גאָר.

האָט דער קיסר גענומען פונאַנדערפרעגען ביי די שומרים צו זיי האָבען עפּעס געזען און געהערט ביינאַכט? נאָר די שומ-רים, וואָס זיינען געשטאַנען, ווי ליימענע גולמים, האָבען אויף אַלץ מיט „ניין" געענטפערט, דאָס הייסט, אַז זיי האָבען נישט געזען און נישט געהערט.

זעט ער, אַז מען קען זיך אויף פרעמדע מענשען נישט פאַר-לאָזען — נעמט ער און באַשליסט אַרויסצופאָרען הינטערען שטאָט, אָנפרעגען ביי די לייט, צו האָבען זיי נישט געזעהען וואו אַ סאָלדאַטל לויפן און, אַגב אורחא, טאַקע ערגעץ וואו דעם הונגער שטילען, ווייל פאַר שרעק און וואונדער האָט אים נאָך מער אָנגעהויבען דאָס האַרץ צו חלשן...

V

ווען דער קיסר איז פון שלאָס אַרויס - איז שוין בײַ די טרעפּ געשטאַנען זײַן געליבטע פּאָר פערד, וואָס האָבן מיט די זילבערנע קאָפּיטעס געקלאַפּט און געריסען די ערד אונטער זיך. דער גאַנצער שפּאַן מיט. דער קאַרעטע האָבן אויסגעזען, ווי אָקאָרטש פון פאָרם אויסגעגאָסען.

דער קוטשער איז זיך געזעסען אויפן קעלניע מעשה מלך, און געקנאַקט מיט׳ן בײַטשל.

דער קיסר האָט געגעבען אַ שפּרונג אַרײַן אין קאַרעטע, ווי ער וואָלט זיך וועלן פון ווען באַהאַלטען און די פערדלאַך האָבן געגעבען אַ ריס און מאַרש פון שטאָט אין פעלד אַרײַן.

די תבואות זײַנען שוין דאָרטען געשטאַנען אָנגעגאָסען מיט קערנער און כאָטש ס׳האָט געבלאָזען אַ שטאַרקער ווינטעל — האָבען זיי זיך דאָך נישט באַוועגט, פּונקט אַנשטאָט זאַנגען וואָלטען גאָר זילבערנע פּרענטלאַך אַרויסגעשטאַרצט. דער קיסר איז זיך געזעסען מיט האַלב־צוגעמאַכטע אויגען, ווי ער וואָלט זיך געשראָקען דאָס אַלץ אָנצוקוקען. אַגב, האָט אים גוט דאָס האַרץ געחלש׳ט און ער האָט געטראַכט פון אַ קרעטשמע, וואו מען זאָל קענען עפּעס איבערבײַסען.

און אָט איז שוין די ערשטע קרעטשמע, וואָס אויפ׳ן שליאַך.

דע׳ קוטשער האָט געגעבען אַ שטעל אָפּ די צוהיצטע פערד און אַ שפּרינג אַראָפּ פון קעלניע געטאָן, קודם כל, אַ שטיקעל ברויט מיט מילך פאַר׳ן קיסר, אָבער, ווי נאָר ער איז אין שטוב אַריין — ׳זיינען אים די לייט צו די פיס געפאַלען, ווייל נאָך זיינע קליידער האָבען זיי אים אָנגענומען פאַר׳ן קיסר און בוקענדיג זיך צו אים, האָבען זיי אָנגעהויבען טענהן, אַז עמיצער האָט זיי־ער שטוב פאַרכשופט, אַז איבער־נאַכט איז פון זייער ברויט גע־וואָרען גאָר שטיקער אייזען, רחמנאָ ליצלן, און אַז די מילך זיי־ערע איז, ווי קוועקזילבער און אַז זיי אַליין קלייבען זיך שוין אין שטאָט אַריין עפּעס וואָס צו באַקומען.׳

דאָ האָט שוין דער קיסר פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז שוין גאָרניט קיין געלעכטער, אַז דער סאָלדאַטל האָט, אַפּנים, געמוזט פאַרכשופ׳ן זיין גאַנצע מדינה און ער האָט באַפוילען דעם קוט־שער שמייסען וואָס גיכער צוריק, אין שטאָט אַריין, וואו ער וועט צונויפרופען אַלע מיניסטאָרען און האַלטען עצה.

פאָרענדיג אויף צוריק האָבען אים שוין אָנבאַגעגענט שטאַ־פעטען מיט עקסטרענע דעפּעשען פון מלחמה־פלאַץ און אין די

דעפּעשען בעט מען זיך רחמים מען זאָל צושיקען פרישען פּראָוויאַנט, ווײַל די סאָלדאַטען האָבען נישט וואָס צו עסען און לאָזען זיך אין געפענגשאַפט נעמען, ווײַל בײַ דעם שונא איז דאָ פון כל טוב. און דער שונא נעמט אָפּ אַלץ צוריק, רוקט זיך אַלץ נעהענטער צו די גרענעצען פון זײַן מדינה און ס׳איז נישטאָ קײַן כח זיך אַנטקעגען צושטעלען.

- עמיצער האָט אַפּנים, דעם גאַנצען חיל פאַרכשופ׳ט, אַנדערש קען דאָס ניט זײַן— אַזוי שרײַבט זיך אין דער לעצטער דעפּעשע און אַז דער גאָלדדורשטיגער איז שוין אַרײַנגעפאָרען אין די טויערען פון זײַן הויפּט-שטאָט זײַנען אים אַנטקעגען געקומען מחנות פון הונגריגע ווײַבער מיט קינדער און האָבען געשריען און געפילדרעוועט:

נאָך ווייניג, וואָס מען האָט בײַ אונז די מענער און זין צוגענומען לאָזט מען נאָך אונז אָן שפּײַז. וואָס דאַרף מען די גאָלד און זילבער, גיב אונז אַ שטיקעל ברויט מיט מילך פאַר די עופה׳לאַך! האָט מען אים פון אַלע זײַטען נאָכגעשריען און דער קיסר האָט זיך קוים דערקליבען צו זײַן פּאַלאַץ, וואו ס׳האָבען אים אָבגעוואַרט אַלע מיניסטאָרען מיט׳ן שני למלך בראש, אויך הונגעריקע און דערשראָקענע, נישט פאַרשטייענדיג, וואָס דאָ איז

פאַרגעקומען איבער נאַכט.

דער קיסר האָט זיי דערציילט פון דער גאַנצער געשיכטע מיט׳ן סאלדאַטל, ווי אַזוי ער איז געקומען, ווי אַזוי ער איז בעלם געוואָרען און אויך פונ׳ם צעטעל, וואָס ער האָט אויפ׳ן טיש געפונען.

— אַודאי, אַודאי, ברויט איז טייערער פון גאָלד! — האָבן אַלע מיניסטאָרען אונטערגעכאַפּט און ס׳האָט זיי אַלעמען אַזש אַ קיצעל געטון אין גומען, ווי זיי וואָלטען פרישען ברויט דערשמעקט..

— איז וואָס זאָל מען טאָן? האָט שוין דער קיסר אַ פאַרלאָ־רענער געפרעגט.

— דאַרף מען שלום מאכען, נישט אַנדערש, ווי שלום מאַ־כען! — האָט דער שני למלך אָפּגעענטפערט, קנייטשענדיג דער ביי׳ מיט׳ן שטערען.

— ס׳איז דאָך אַ קלאָרע זאַך, אַז דער סאָלדאַטל איז אַ מכ־שף, וואָס דער שונא האָט אים בכיון אונטערגעשיקט און מען מוז שלום מאַכען, אַ ניט וועלען מיר, חלילה, פון הונגער אויס־גיין... און ווי נאָר דער שני למלך האָט געענדיגט, ווי פון דרוי־סען האָבען זיך ווידער אַ מאָל קולות דערהערט:

— ברויט גיט אונז, ברויט מיט מילך פאַר די עופה׳לאַך!

אין אַ ווײַלע אַרום זײַנען שוין אַוועקגעפלויגען דעפעשען צו די גענערעלער — זיי זאָלען זען אַ שמועס טאָן וועגען שלום.

## VI

די מדינה׳לע מיט וועלכער דער גאָלדדורשטיגער האָט איצטער געפירט מלחמה, האָט נישט געוואוסט פון קיין פּותר חלום. זי האָט מער נישט דערזען, אַז אין איין שיינעם פרימאָרגען האבען זיך דעם שונא׳ס חילות גענומען ציהען זיך אויף צוריק, אָדער מיט גרויס חשק אָפּגעבען זיך אין געפענגענשאַפט, אַבי מען זאָל זיי עפּעס געבען אַרײַנצוּעסען, און זיי פלעגען דערציילען, ווי בײַ זיי איז פּלוצלונג אַ הונגער געוואָרען און אַז ס׳גאַנצע עסענוואַרג איז בײַ זיי, רחמנא ליצלן, ווי פאַרגליווערט געוואָרען. נישט אַנדערש, ווי עמיצער האָט זייער לאַנד פאַרכשופט, וואָרום ו ה אָ ראַיה, ווי נאָר די חילות פון דער קליין מדינה׳לע פלעגן פאַרכאַפּען אַ נײַ שטיקעל פלאַץ פון דעם גאָלדדורשטיגענס פלעגט ווידער אַלץ אָנהויבען בליהען און וואַקסען און מען האָט פון אַלץ געקענט געניסען, דאָך, ווען דאָס קליין מדינה׳לע האָט זיך דערוואוסט פון דעם פּלוצלינגען פאָרשלאַג וועגען שלום, האָבען זיי

זיך געשראָקען, צי דאָס איז נישט אַ נייער שפּיצעל פון דעם גאָלדדורשטינען, כדי זיי ווידער אַ מאָל אַרייַנצונאַרען האָבען זיי בשום אופן נישט געוואָלט אַיינגיין אויף׳ן שלום, כל זמן דער גאָלדדורשטיגער אַליין זאָל בכבודו ובעצמו קומען צו זיי און אונטערשרייַבען זיך נישט מער און נישט ווינציגער, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פון טראָן, אַז ער ווערט אויס מלך און במילא וועט שוין זיין אויס מלחמות.

האָבען ווידער אָנגעהויבען פליען דעפּעשען פון מלחמה-פּלאַץ צום גאָלדדורשטיגען און פון גאָלדדורשטיגען קריק צום מלחמה-פּלאַץ, ווייַל דער קיסר האט, פאַרשטייט זיך, נישט געוואָלט מסכים זייַן אויף אַזאַ מין שלום...

— סטייַטש, איך דער רייַכסטער און שטאַרקסטער וועל פּאָרען זיך אָפּזאָגען פון טראָן, סטייַטש!

— און שטאַרבען פון הונגער איז בעסער? — האָט זיך דער שני למלך געפּרובט אַיינשטעלען.

— שוין בעסער! האָט שוין מיט די לעצטע כחות דער קיסר געשריען, — שוין בעסער!

— אָבער מיט דיר צוזאַמען וועט דאָך דאָס גאַנצע פאָלק, דייַן חייל אויסשטאַרבען און סוף כל סוף וועלען דאָך דייַנע איי-

גענע אונטערטאַנען דיך פון טראָן אַראָפּזעצען און דער בזיון וועט נאָך זיַין שטאַרקער און דער ווייטאָק גרעסער...

לסוף האָט מען דעם איינגעקשנ׳טען מלך גובר געווען. נישט אַזוי די מיניסטאָרען, ווי דער הונגער אַליין האָט אים גובר געווען. און ער איז בכבודו ובעצמו אַוועקגעפאָרען צום מלחמה-פּלאַץ זיך מ׳טן ש׳נא פנים אל פנים.

און דער שונא האָט, פאַרשטייט זיך, אויפגענומען דעם גאָלד-דורשטיגען מיט גרויס דרך ארץ, ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ מלך, נאָר דער גאָלדדורשטיקער האָט זיך נאָך אַלץ געפּרובט בלאָזען און טענהן, אַז ס׳איז נישט שיין מצד אַזאַ איידעלער מדינה מלח-מה צו האַלטען מיט אַ זעלכע מיני דרכים, ווי דורך כשוף גאָר און אויסהונגערען אַ לאַנד מיט מענשען. נאָר די גענערעלער פון יענער מדינה, קיין קיסר איז ביַי זיי לכתחילה נישט געווען — האָבען געענטפערט מיט שטאָלץ, אַז זיי ווייסען נישט פון קיין שום כשוף און קונצען, זיי ווייסען נאָר, אַז דו, דער גאָלדדור-שטיגער, האָסט געשיקט שלום בעטען און מיר ווילען טאַקע קיין שלום נישט מאַכען, כל זמן דו זאָגסט זיך נישט אָפּ פון טראָן און פאַרגלעטסט נישט דער מיט אַלע דיַינע זינד.

און צום עסען האָט איר עפּעס? האָט זיי דער מלך אינ-

מיטען איבערגעשלאָגען, דערזעהענדיג פון פענסטער, ווי איינע אַ סאָלדאַט זשליאָקעט פון אַ פלאַש.

— מיט פאַרגעניגען. ס׳איז דאָ ביי אונז פון כל טוב! — האָבען די געגערעלער אָפגעענטפערט און מען האָט געהייסען דערלאַנגען



טוט מיט מיר, וואס איר ווילט. נעמט צו פון מיר אלין, איך דארף נארנישט, דארף אי . . .

פון די בעסטע מאַכלים און טייערסטע וויינען.

דער גאָלדדורשטיגער האָט זיך צוגעכאַפּט צום עסען, ווי יום

כפור נאָכען תענית, געגעסען און געטרונקען און איז טאַקע באַלד שכור־לאַך געוואָרען און שוין אָנגעהויבען טענהן:

— גיט מיר, וואָס איר ווילט, נעמט צו פון מיר אַלץ, איך דאַרף גאָרנישט, דאַרף איך נישט, ווייל ברויט איז טייערער פון גאָלד? כע, כע, כע, טייערער פון גאָלד!

און אין דערזעלביגער נאַכט איז טאַקע געוואָרען שלום.

## VII

די ידיעה פון שלום האָט זיך איבערגעטראָגען פונאַנדערגעטראָגען איבער דער גאַנצער וועלט און ס׳איז געוואָרען ששון ושמחה אַנשטאָט דעם גאָלדדורשטיגען האָט מען אויפן טראָן אַ וועקגעזעצט דעם שני למלך, וואָס איז בטבע געווען זייער אַ גוטער און אַן־איבערגעגעבענער דער מדינה זיינער.

און אַז דער גאָלדדורשטיגער האָט זיך אויף מאָרגען אויפגעכאַפט אין אַ פרעמדער שטוב, וואו ניעכטען האָט זיך נאָך בלוט געגאָסען און דער דינער האָט אים אָנגעזאָגט, אַז דער נייער קיסר פון זיין מדינה, דער שני למלך האָט געשיקט אַ סטאַפעט אָנזאָגען אים, אַז מען איז גרייט אָפּצוגעבען איינעם פון זיינע־



און עד היום, דערציילט מ׳ץ, גייט ארום איבער דער וועלט אן אלט־
שינקער בעטלער...

פּאַלאַצען אין דער הויפּט שטאָדט, וואו ער זאָל אויסלעבען זיינע יאָרען,— האָט זיך דער קיסר גוט אויסגעריבען די אויגען, זיך אַרומגעקוקט, וואו ער איז אין דער וועלט און אַז ער האָט זיך דערמאָנט אויף דער גאַנצער געשיכטע האָט ער זיך ביטער פו־נאַנדערגעוויינט.

— ניין, זאָגט ער צום דינער, ניין, כ׳וויל פריינד, איך וועל זיך אַהין שוין מער נישט אומקערען, איך האָב אין יענער שטאָט, צופיל געזינדיגט, כ׳האָב צופיל בלוט פאַרגאָסען פאַר יענע פּאַלאַצען, וואו מען וויל מיך איצטער לאָזען עלטערען זיך, ניין, ניין געטרייער דינער, גיי בעסער און קויף מיר אַ טאָרבע, אַ נ׳איינפאַכע בעטלער־טאָרבע און אַ שטעקען ברייננ מיר, אַ גרוי־סען בעטלער־שטעקען און כ׳וועל מיך אַרומקלאָזען אויף דער וועלט בעטלען ביי יעדערען אַ שטיקעלע ברויט, פאַרשטייסט, אַ שטיקעלע ברויט, דעם הונגער צושטילען, ווייל ברויט איז טייערער פאַר גאָלד, אַזוי האָט יענער סאָלדאַטעל געזאָגט.

און ס׳איז נישט געווען קיין מכשף. נאָר אַ מלאך פון גאָט, פאַרשטייסט, אַ מלאך איז דאָס געווען און ער האָט מיר באַוויזען, אַז נישט אין גאָלד באַשטייט דאָס לעבען, נאָר אין ברויט, אין פרישען, געזונטען ברויט...

און דער אַלטער מלך האָט זיך, ווי אַ קליין קינד **פונאַנדער-געוויינט.**

און עד היום, דערציילט מען גייט אום אויף **דער וועלט** אַנ׳אַלטשינקער בעטלער אין מען זאָגט, אַז ס׳איז דער **גאָלדדור-**שטיקער, וואָס האָט זיך גענומען אַ תשובה פאַר זיינע זינד.

# אילוסטרירטע קינדער ביבליאָטעק

פאַרלאַג „חבר“

מאָסקווע ה. אַקצין מאַלאַיאַ בראָנאַיאַ נומ. 10 ק. 19 טעל. 4-69-10

1

**דער פרינץ און דער בעטלער.** נאָך מאַרק טווען.

(פארקירצטע אויסגאבע
באארבעט דורך הערן אקצין.
רייך אילוסטרירט.



2

**דער גאָלדדורשטיגער קיסר.** פון דניאל טשאַרני.

אילוסטרירט.



ביאָגראַפישע אָבטיילונג

„דער קליינער מכשף״

וואָלפגאַנג אַמעדעי מאָצאַרט׳ס קינדהייט.

באארבעט דורך י. אקצין.

4

רייך אילוסטרירט.

ערשינען פון דרוק.



איבערגעגעבען — 5 — צום דרוק:

# דוידקאָפערפילד

## נאָך צאַרלז דיקענס.

(פארקירצטע אויסגאבע),

באארבעט דורך ר. אקצין.

(רייך אילוסטרירט)





איבערגעגעבען | 6 | צום דרוק:

# אַ קראָם פֿון אַלטוואַרג.

## נאָך צאַרלז דיקענס.

פארקירצטע אויסגאבע

[illegible]

אילוסטרירט.



## אילוסטרירטע קינדער-ביבליאָטעק.

## פאַרלאַג „חבר“.

מאַסקווע — אָקטין מאַלאַיאַ בראַנאַיאַ 10 דירה 1.

### עס וועלען אין גיכען ערשײַנען:

7). דניאל טשאַרני. איבערזעצונגען. 8). מנשה הײלפּערן. מעשה׳לאַך.

באַאַרבעטע איבערזעצונגען:

רייך אילוסטרירט.

9). ביטשער סטאָאו. דעם פעטער טאָמ׳ס הײַזעל.

10). וואַלטער סקאָט.—איװענגאָ. דער אַסטראָלאָג. קווענטין דאָרוואַרד. 11). אַלפאָנס דאָדע. דער קלײנער מענשעלע. 12). זאָרזש זאַנד. די קלײנע פאַדעטאַ.— דער שלאָס פּיקטאָרדאַ. 13). אָסקאַר אואַילד. דער גליקליכער פּרינץ. 14). טאָמסאָן. „דער וועלפישער מלך“. 15). ראָבינזאָן קרוזאָ. נאָך דאַניעל דעפאָ. באַארבײַטעט איסנאַבע. 16). א. י. ד. נעללאָ אין פּאַטראַש.

### ביאָגראַפישע אבטײלונג:

17). א). בנימין פראַנקלין. דער גוטער פּרעזידענט אַבּרהם לינקאָלן. ב). טאָמאַס עדיסאַן.

### קונסט.

ג). פ. רובענס.—וואַן-דײַק׳ס קינדהײַט.

### מוזיק.

ד). פעליקס מענדעלסאָן. באַרטאָלדי. א. א.

### אידישע קינסטלער.

ה). מ. אַנטאָקאָלסקי א. א.

באַאַרבעט פון ה. אַקצין

